MOSES MAIMONIDES... BIOGRAPHY BY B. FAIGENBAUM

די

# אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק

# דער רמב"ם

רבינו משה בן מיימון

זיין לעבען און זיינע לעהרען

פון ב. פייגענבוים

ארויסגעגעבען פון דער

אינטערנאציאָנאלע ביבליאָטהעק פּאָבלישינג קאָמפּאני

23 דואיין סטריט, ניו יאָרק.

פּרייז, 10 סענט.

# קאטאלאג
פון דער
## אינטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטהעק פערלאַג קאָמפּ.

| | | פרייז. |
|---|---|---|
| פיליפּ קראַנץ, | קולטור געשיכטע, 3 בענדער, 1000 זייטען, 100 בילדער, שיין געבונדען, פרייז יעדער באנד | 75 ס. |
| " " | דיא געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, 3 טהיילען אין איין באנד, שיין געבונדען | " 75 |
| " " | יציאת מצרים, מיט איין קארטע פון מצרים | " 15 |
| " " | אַריסטאָטעל, זיין ביאָגראפיע | " 10 |
| " " | וואָס הייסט נאַציאָן — זיינען אידען אַ נאַציאָן? | " 10 |
| י. גארדין, | גאָט, מענש און טייוועל, דראמע אין 4 אקטען | " 25 |
| " " | וואָלטער, זיין ביאָגראפיע | " 10 |
| דר. קאספּע, | מעכאַניקע, נאך סיר אייזאק ניוטאָן | " 10 |
| " " | אַסטראָנאָמיע " " " | " 15 |
| " " | אָנפאַנג פון כעמיע | " 15 |

דיא אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק.

לעבענסבעשרייבונגען פון בעריהמטע מענער.



# דער רמב"ם

רבנו משה בן מיימון

(מאימאָנידעס)

זיין לעבען און זיינע אויפטהואונגען פיר אידען און פיר דיא וועלט.

פון

## ב. פייגענבוים.





דיא אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק פאבלישינג קאמפאני,

23 דואיין סט., ניו יארק.

# רמב"ם.

דאָס וואָרט רמב"ם איז דיא ראשי תבות (אנפאנגס בוכשטאַ־בען) פון רבנו משה בן מיימון. ביי דיא גוים ווערט דיעזער וואונ־דערליכער אידישער דיינקער אָנגערופען „מאימאָנידעס", דאָס הייסט מיימאָן'ס זוהן, און ביי דיא אַלטע אראבער איז ער געווען אָנגערופען אבו אַרמאַן מוזא. דיזער „צווייטער משה רבנו" איז געבוירען געוואָרען אין דער שטאָט קאָרדאָווא, שפּאניען, אין ערב פסח פון יאָהר 1135 (ד. תתצ"ה.). זיין פאָטער ר' מיימון בן ר' יוסף איז געווען א דיין אין קאָרדאָווא. מען זאָגט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער מאטהע־מאַטיקער און אַסטראָנאָם און זאָל האבען פערפאַסט ספרים אין דיעזע וויסענשאַפטען. אַזעלכע ספרים פון איהם געפינען זיך אָבער אין ערגעץ ניט. זיין זוהן האָט ר' מיימון ערצויגען אויף זיין וועג, ער האָט איהם געלערנט תורה. וויא אַזוי דאָס איז געקומען, ווייס מען ניט, אָבער זיכער איז, אַז נאָך יונגערהייט האָט אונזער משה זיך גע'חבר'ט מיט דיא מאַהאָמעדאַנער אַראַבער און האָט ביי זיי גע־לערנט וועלטליכע וויסענשאַפטען. זיין הויפּט־לעהרער אין דיעזע וויסענשאַפטען איז געווען אַ שילער פון דעם גרויסען אַראַבישען פילאָזאָף אַוועמפּאַזאַ (אבן בּדזא), און זיינע חברים זיינען געווען דער גרויסער וויזיר איבן־צאָהאַר, דער זוהן פון דעם אַראַבישען אַסטראָ־נאָם אבו מוהאַמעד דזשאַבאַר, און נאָך אַזעלכע גרויסע געלעהרטע.

ווען משה איז אַלט געווען 13 יאָהר, איז אויף זיין פאַמיליע געקומען אַ גרויסע צרה און ער איז מיט זיי פערוואָרפען געוואָרען אין פרעמדע לענדער אַריין. אין דיזען יאָהר האָבען נעמליך דיא אַלמאָהאַדען (איין

אראבישער שטאם) איינגענומען דיא שטאָט קאָרדאָוואַ, און זיי האָבען געצוואונגען דיא אידישע איינוואָהנער פון דיזער שטאָט אָנצונעהמען דיא מאהאָמעדאנישע רעליגיאָן. דיא וואָס האָבען דאס ניט געוואָלט טהון, האָבען דיא אַלמאהאדען פערטריבען און צוגענומען זייער גוטס און פערמעגען. דאָס רוב אידישע איינוואָהנער פון קאָרדאָווא האבען זיך אויסגעקליבען דאס צווייטע און זיינען מיט ווייב און קינדער אויסגעוואנדערט אין דער וועלט אריין, וואו דיא אויגען האבען זיי געטראָגען. ר׳ מיימון איז געווען צווישען דיא אויסוואנדערער. וואו אהין זיי זיינען דענסמאָלט אַוועק וויים מען ניט אויף קלאָר. דיא אַלטע אראבישע שרייבער מעלדען, אַז דיא מיימון פאַמיליע איז אוועק אין דער שטאָדט אַלמייראָ. יעדענפאַלס זיינען זיי דאָרט ניט לאַנג געבליבען בשלום, וואָרום באַלד האָבען דיא פאנאַטישע אַלמאהאדען אויך דיזע שטאָדט איינגענומען און דיא אידען ווידער פערטריבען.

א לאַנגע צייט איז ר׳ מיימון מיט זיין פאַמילע ארומגעוואנדערט נע־ונד פון שטאָדט צו שטאָדט און פון לאַנד צו לאַנד פיעלע יאָהרען האָבען זיי קיין שטענדיגען מקום מנוחה ניט געקענט געפינען. וואָס מיט דעם רמב״ם האָט פּאסירט אונטער דער צייט וויים מען ניט. יעדענפאַלס איז עס זיכער, אַז אונטער דיזע ארומוואנדערונגען אין צרות און גלות איז ער אויפגעצויגען געוואָרען און איבעראַל האט זיין פאָרשענדער גייסט אין זיך אריינגענומען נייע ערפאהרונגען, וויסענשאַפטען און איינדריקע.

זיין ערשטען ספר האט ער אַרויסגעגעבען אין יאָהר 1158. דאס איז דאס ספר, „מאמר העבור״ וועגען דיא רעגעלען פון דעם אידישען קאַלענדאַר און צייט־רעכענונג. אין דיעזען ספר, וועלכען ער האָט געשריבען ווען ער איז אַלט געווען 23 יאָהר, ווייזט ער שוין ארויס א מערקווירדיג גלייכען שכל און א נייגונג צו מעטהאָדע און אָרדנונג אין דענקען. פאַר איהם איז ביי אידען קיין מאָל ניט געווען א ספר איבער דיעזען געגענשטאַנד, אויף אזא לאָגישען מעטהאָדישען אַרט צוזאמענגעשטעלט.

אין דיעזער צייט האָט דער יונגער משה זיך גענומען צו א מין ריעזיגע ארבייט, וואס עס איז כמעט אונגלויבליך אז אזא יונגער מענש זאָל אזעלכעס קענען אויפטאָן. ער האָט געשריעבען אין דער אראבישער שפּראך א פּירוש אויף דעם גאנצען משניות, דעמאָלט ווען ער האָט ניט געהאט קיין שום ספרים מיט זיך און האָט אלץ געמוזט געדיינקען אויפ'ן קאָפּ. אין דיעזען פּירוש סטארעט ער זיך הויפּטזעכליך ארייננצוליינען אין דעם משניות א זין נאָכ ן גלייכען שכל און נאָך דיא דענסמאָדיגע וויסענשאפטען. אויב זיין פּירוש פּאסט זיך אימער צו דעם אמת'ן זין פון דיא ווערטער פון דיא פרומע גלויביגע תּנאים, צו ניט, סיי וויא סיי האָט ער בעוויעזען א וואונ־דערליכע קוניץ און ענטוויקעלט א מערקווירדיגען לאָגישען גאנג, וויא דאס האָט קיין למדן פאר איהם קיין מאָל ניט געטהון. ביז'ן היינ־טיגען טאָג איז דיעזער פּירוש א קוואל פון וואננען אידישע יונגע לייט, וואָס ווערען ערצויגען ביי דער גמרא, שעפּען דעם שניט פון גלייכען לאָגישען דיינקען.

אין יאָהר 1160 איז ר' מיימון מיט זיינע קינדער אוועק אין פעץ, דיא הויפּטשטאָדט פון מאראָקקאָ, צו דעם גרויסען אידישען רב יהודה הכהן אבן שושן. דאס רוב אידען האבען דאָרט, אויס שרעק פאר דיא פאנאטישע מאהאָמעדאנער, עפענטליך אָנגענומען דעם מאהאָמעדאנישען גלויבען; בסוד אָבער האבען זיי אָבגעהיט אידישקייט. ר' מיימון האָט דעמאָלט געשריבען צו זיי א'ן אויפרוף („אגרת נחמה"), אין וועלכען ער טרייסט זיי און גיט זיי אונטער מוטה, זיי זאָללען זיך פעסטהאלטען אָן דעם גלויבען פון זייערע עלטערן.

דער יונגער דענקער האָט שרעקליך פיינט געהאט צו לעבען פון רבנות און איבערהויפּט פון דער רעליגיאָן. אין דעם דערמאנ־טען „פּירוש המשניות" (אבות פ"ד) צושפּרייט ער זיך שוין מיט ראיות דערויף, וויא קרום און אונרעכט דאָס איז, צו מאכען א לע־בען פון רעליגיאָן. פיעלייכט דורך זיין איינפלוס האָט זיין פאטער אין זיין נייע היים, אין פעץ, שוין ניט אנגענומען קיין שטעלע אלס דיין אדער רב, נור איז געוואָרען א סוחר.

משה אליין האָט זיך דאָרט ווייטער פערטיעפט אין לערנען וועלט־ליכע וויסענשאַפטען ביי דיא גרעסטע אראבישע פילאָזאָפען און דאָקטוירים, דאָרט האָט ער אויך וואַרשיינליך געשריעבען זיינע „אכט פרקים“, וועלכע ענטהאַלטען אַ טיעפע גלענצענדע מאָראַל־פילאָזאָפיע.

אין אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט דער יונגער משה ארויסגע־וויזען זיינע ליבעראַלע געדאנקען. אַ פערביסענער פאנאַטישער רב האָט נעמליך ארויסגעגעבען אַ פסק, אַז דיא אידען, וואָס האבען אנגענומען דעם מאהאמעדאנישען גלויבען, כאָטש זיי זיינען געוועזען געצוואונגען דערצו און כאטש בסוד האַלטען זיי פון אידישקייט, זיינען שוין גאָר קיין אידען ניט, האבען שוין קיין חלק ניט אין עולם הבא און מוזען פון אידען בעהאנדעלט ווערען וויא עכטע גוים. און וואָס דאס האָט אין יענע פינסטערע צייטען געהייסען, איז לייכט צו פער־שטיין... דאָס האָט דעם רמב״ם ניט געלאָזט רוהען און ער האָט ארויסגעגעבען אַ ספר׳יל („אגרת השמד“), אין וועלכען ער בעווייזט, אַז דיא מאָהאמעדאנער זיינען אויך ניט קיין טייוואלים, אַז זייער רע־ליגיאָן איז גאָר ניט אַזוי זעהר שטארק געגען דיא אידישע. ער פרע־דיגט דאָרטען טאָלעראַנץ און ברידערליכקייט צווישען אידען און מאהאמעדאנער און טרייסט דיא גע׳שמד׳טע אידען, זיי זאָלען ניט אראָבפאַללען ביי זיך און ניט גלויבען, אַז זיי זיינען פערלוירענע אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

דיעזעס ספר׳יל האָט ער געשריבען אין דיא אראבישע שפּראך, אין דעם לשון, וואָס דיא אידען האָבען דענסמאַלט דאָרט גערעדט, און האָט דאס צושיקט צו אַללע אידעשע קהלות.

באַלד נאָכדעם האָבען דיא פאנאַטישע אראבער נעפאנגען דעם פעצער רב ר׳ יהודה הכהן אבן שושן און האבען איהם געוואַלט נייטען ער זאָל זיך שמד׳ען אויף אַ מאהאמעדאנער. ער האָט זיך ענטזאגט און זיך געלאָזט פון זיי אומברייגגען אויף קדוש השם. צו־היצט פון פאנאַטישען בלוטדורשט, האבען דיא פרומע אראבער זיך גע־וואַלט נוקם זיין אָן דעם יונגען ר׳ משה, וועלכער האָט שוין געהאט אַ גרויסען נאָמען ביי אידען. זיי האבען איהם געפאַנגען גענומען און

פער־משפט צום טויט. אבער דורך דיא בעמיהונג פון דעם גרויסען אראבישען דיכטער אבולעראב האט מען דיא אויספיהרונג פון דעם טויט־פסק אבגעהאלטען און שפעטער האט מען דעם רמב"ם אין גאנצען בעפרייט. דעם רמב"ם'ס פאמיליע האט זיך אבער דארטען שוין ניט געפיהלט זיכער און האט בעשלאסען צו אנטלויפען פון דיא בלוטיגע שטאט.

אין דער נאכט פון דעם 4 טען טאג אין חודש אייר פון יאהר 1165, א זעהר פינסטערע נעבעלדיגע נאכט, איז רב מיימון מיט זיין גאנצע פאמיליע ארויף אויף א שיף און האבען זיך אוועקגעלאזט אויף דעם מיטטעללענדישען מעער. זעקס טעג זיינען זיי געפאהרען אויפ'ן ים אהן שטערונג. אויפ'ן זיעבענטען טאג האט זיך געמאכט א שטורם און נאך א האר וואלט דאס שיף אונטערגעגאנגען. אבער נאטיר־ליך איז א „נס געשעהן" און דער שטורם האט זיך געלייגט. אין א מאנ־נאט ארום, דעם דריטען טאג אין סיון, איז דיא גאנצע פאמיליע אנ־געקומען אין דעם פארט פון אקא (עכו). דעם טאג, וואס זיי זיינען אוועק פון פעז, און דעם טאג, וואס זיי האבען געהאט שטורם אויפ'ן ים, האט דער רמב"ם געמאכט פאר א תענית, און דעם טאג, וואס זיי זיינען בשלום אנגעקומען אויף דער יבשה, האט ער געמאכט פאר א יום טוב פאר זיין פאמיליע אויף דור דורות.

א האלב יאהר האבען זיי געוואוינט אין אקא. דערנאך זיינען זיי גע־וועזן א קורצע צייט אין ירושלים און אין חברון, און פון דארט זיינען זיי אוועק קיין מצרים (עגיפטען), וואו דער רמב"ם האט אויסגעלעבט זיינע יאהרען און אויפגעטאן פאר אידען דאס, וואס האט איהם גע־מאכט צו דעם וואס ער איז: דער גרינדער פון א נייע צייט אין דער געשיכטע פון דיא אידען.

* * *

אין יאהר 1166 איז זיין פאטער געשטארבען. דעם רמב"ם'ס אינגערער ברודער, ר' דוד, איז געווארען א סוחר פון דיאמאנטען. ער פלעגט אפט פאהרען וועגען דיזע געשעפטען קיין אינדיען און אנ־דערע ווייטע לענדער און פון דעם האט ער בכבוד ערנעהרט זיין פאמ־טערס הויזגעזינד צווישען וועלכע עס איז אויך געוועז זיין גרויסער ברו־

דער, דער רמב"ם. דער רמב"ם האָט זיך דענסמאָלט גאַנץ גליקליך אין פאָסטאַט (אלט קאירא), אין עגיפּטען, און האָט ניט מעהר געטאָן וויא שטודירט. אין אַ צייט ארום איז איהם אָנגעקומען אַ נאַכריכט, אַז דאָס שיף, אויף וועלכען זיין ברודער און ברויט־געבער איז געפאהרען נאָך אינדיען, איז אונטערגעגאַנגען און זיין ברודער איז דערטרונקען געוואָרען. דאָס איז געווען פאַר איהם אַ שרעקליכער קלאַפּ. עס האָט זיך אנגעהויבען פאַר איהם אַ צייט פון אָרימקייט און טרויער, דערצו האָט מען איהם נאָך פער'מסר'ט צו דיא רעגיע־רונג, אַז ער מאַכט מיט זיינע ביכער דיא מאהאמעדאנישע רעליגיא, ן פערהאַסט ביי דיא אידען. מען האט איהם ארעסטירט און ווידער פערמשפּט צום טויט. וויא אַזוי ער איז ניצול געוואָרען, מעלדעט אונז דיא געשיכטע ניט. פון דיא אַלע צרות איז ער זעהר קראַנק געוואָרען און איז אַבגעלעגען אַ גאַנץ יאהר. ווען ער איז אויפגע־שטאַנען, האָט ער זיך גענומען צו פּראַקטיצירען מעדיצין אלס אַ מיטעל צו פערדיענען זיינע לעבענסבעדירפניסע. אין אָנהייב האָט ער געהאַט זעהר אַ קליינע פּראַקטיק און האָט זיך ערנעהרט זעהר בדוחק.

אין דער צייט ווען דער רמב"ם האָט אָנגעהויבען צו פּראַקטי־צירען מעדיצין אום צו האבען ברויט, האָט ער אויך אנגעהויבען צו האלטען רעדען פאַר פערזאַמלונגען איבער וויסענשאַפט און תּורה. זיין גאַנצען קאָפּ אבער האָט ער דענסמאָלט אריינגעלייגט פערטיג צו מאַכען זיין פּירוש אויף משניות, און דאָס האָט ער ארום יענע צייט אין יאהר 1167, אויסגעפירט. דעם פּירוש האָט ער געשריעבען אין דער פאָלקסשפּראַך פון דעם גרעסטען טייל פון דיא אידען פון יענע צייט — אין אַראַביש — און האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „סיראַג“, דאָס איז דער טייטש „דאָס ליכט“. זיין עיקר־צוועק איז געווען אריינ־צולערנען אין דיא געדאַנקען פון דעם משניות אַ פּשט לויט דיא ריינס־טע וויסענשאַפטען פון יענע צייט. זיין גאַנצער אידעאַל איז געווען, אַ־ריינצוברייגנען אין זיינע ברידער דיא אידען אַ חשק צו בענוצען זייער שכל צום נאַכדיינקען און צו פּרובירען, אויב דאָס, וואס זיי גלויבען, קען זיין אמת, אויב עס האָט עפּעס אַ זינן; ער האָט געוואָלט, זיי זאָלען בעקאַנט ווערען מיט דיא וועלטליכע וויסענשאַפטען און מיט

דעם וואָס דיא גרויסע מוחות פון דיא אומות העולם האבען אַרויסגע־פונען. ער האָט געוואָלט, מיט איין וואָרט, מאכען תּוך ״יין פאָלק טאַקי אַ׳ן „עם חכם ונבון״ אַ פאָלק וואָס דענקט נאָך און איז פערשטענ־דיג, אָנשטאַט צו זיין איינגעזונקען אין אַ טיעפען זומפּף פון תּם׳עוואַטע אַבערגלויבינקייט. אנשטאַט וואָס דיא פריידענקער פון חוי הבלכ׳ס צייטען האבען דאָס געוואָלט אראָבפיהרענדיג דאָס פאָלק פון דיא גאַנצע אמונה, ווייזענדיג זיי, וויא זיא איז אין גאַנצען אַ נאַררישקייט, איז דער רמב״ם געגאַנגען אויף אַ׳ן אנדערן וועג ; ער איז זיי געגאנגען. אויסלייגען דיא אמונה אליין אויף אַ וויסענשאַפטליכען אופן און ווייזען, אַז מיט אלץ וואָס אין דיא אַלטע אמונה ספרים שטייט, מיינט מען טאַקי אויך דיא וואהרהייטען, וואָס דיא חכמות און וויסענשאַפטען לערנען, נאָר מען דאַרף דאָס ריכטיג פערשטיין.

זיין פּירוש אויף משניות איז געווען זיין ערשטע אַרבייט אריינ־צולערנען אַ וויסענשאַפטליכען פּשט אין דער אמונה אריין.

האָט טאַקי דער רמב״ם ווירקליך געגלויבט, אַז דיא אלטע אמונה, וואָס איז ענטשטאַננען אין אונוויסענדע האַלב־ווילדע צייטען, מוז דוקא מיינען דאָס וואָס דיא העכסטע וויסענשאַפט מיינט ? אדער האָט ער אפשר גערעכענט, אַז אויף אַזאַ אופן, שאַנעווענדיג דיא אמונה און אַריינקוועטשענדיג דיא וויסענשאַפטען און דיא פילאָזאָפיע אין איהר אריין, וועט ער עס אם בעסטען און לייכטסטען קענען ווירקען אויף דיא אבערגלויבישע אידישע מאסען זיי זאלען ניט אנ־טלויפען פאר דיא וויסענשאַפט און אויפקלערונג וויא פאר אַ טרפה־נע זאַך ? ווער קען דאָס וויסען ? עס איז זעהר שווער צו גלויבען, אַז אַזאַ טיעפער פילאָזאָף וויא דער רמב״ם איז געווען, וואָס האָט גע־זוכט דעם אמת נאָר דורך דעם ריינעם שכל, וואָס האָט צום ביי־שפּיעל אויסדריקליך געזאָגט (מורה נבוכים ח״ב פ׳ כ״ה), אַז ווען דיא לאָגיק און דער שכל וואלטען אונז בעוויזען, אַז דיא וועלט איז ניט בעשאַפען געוואָרען, וואָלטען מיר ניט געקענט גלויבען וואָס דיא תּורה דערציילט אונז, אַז זיא איז יאָ בעשאַפען געווען — עס איז זעהר שווער צו גלויבען, זאָג איך, אַז אַזאַ פרייער דיינקער זאָל געפינען פיר נייטיג

אַנצונעהמען פאר א הייליגען אמת דיא קינדערישע פאַנטאַזיעס פון בארבארישע צייטען.

וועלכע אורזאכע קען דען אייגענטליך בעוועגען אזא פרייען דענקער צו האבען דרך ארץ פאר א'ן אלטע אמונה? ט'עפע חכמות האָט ער דאָך אין איהר ניט געפונען, אדרבה, דיא הויכע חכמות האָט ער דאָך גאר געפונען אויסער איהר, און ער גייט זיי דאָך דאס ערשט גאר אין איהר אריינפּאסען, כאָטש זיי קלעפּען זיך וויא א'ן ארבעס צום וואנד. ער האָט דאָך ניט געהאלטען פאר הייליג א זאך צו־ליעב דעם נארישען גרונד ווייל זיין פאָלק האלט אזוי, אסך זאכען פון דער אמונה, גאנץ גראָבע דומהייטען האָט ער דאָך, וויא מיר וועלען ווייטער זעהען, אבגעלייקענט; היינט וואס־זשע האָט איהם גענעצוואונגען דיא גאנצע אמונה צו האלטען פאר א הייליגע זאך?

פון דער אנדערער זייט אבער שטראהלט פון זיינע וויסענשאפטליכע און פילאָזאָפישע פּירושים אויף דער אמונה ארויס אזא הייליגע ערנסטקייט, אזא ענערגישע אויפריכטיגע בעמיהונג דיא רעליגיעזע געפיהלע און דיא פילאזאפישע געדאנקען צוזאמענצושמעלצען, דאס עס איז אונמעגליך אנצונעהמען, אז ער זאָל — איך וויל כמעט זאָגען „חלילה״ — האָבען געהאנדעלט נאך דער רעגעל דאס דער גוטער צוועק הייליגט שלעכטע מיטעל אבער דעם מענשענס נשמה איז א וואונדערבארע זאכע. ווען מען שטודירט מענשליכע כאראקטערע ווערט מען אָפט איבערראשט צו געפיננען אין איין מענשענס גייסט אונבעגרייפליכע ווידערשפריכע. עס איז אויך מעגליך, דאָס דער גאנץ פרייער דענקער און לאגישער פילאָזאָף, דער רמב״ם, האָט פון דעסטוועגען געגלויבט, אז דיא בעשטייענדע אידישע אמונה איז פון גאָט. צו דעם גלויבען אין עפּעס א גאָט איז ער טאקי געקומען דורך דיא ריינע פרייע פארשונג מיט דער הילף פון דיא נאך זעהר שוואכע וויסענשאפטען פון יענע צייט. אבער דיעזער גלויבען האָט זיין גרו׳סען שכל קיין שום שאדען ניט געקענט טאָן. וואו דער גלויבען האָט זיך ווידערשפּראָכען מיט׳ן שכל, האָט ער ניט צוגעבויגען דעם שכל צום גלויבען, נאר פערקערט, דעם גלויבען צום שכל, און אויף

אזא אופן איז זיין אייגענע אמונה אין גרונד געווען איינס מיט'ן שכל. אויף איין אָרט שרייבט ער אָט דיעזע מערקווירדיגע ווערטער:

„זייט וויסען, רבותי, אז א מענש דארף נאָר גלויבען אין איינע פון דיא זאכ;ן. דאָס ערשטע, דאָס וואס דער שכל ווייזט מיט שטארקע ראיות, וואס עס איז אונמעגליך צו דענקען אנדערש — וויא א שטייגער מאטהעמאטיק; דאס צווייטע, וואס דער מענש בט־נעהמט מיט זיינע פינף חושים (זעהען הערען, טאפּען, ריכען (מיט'ן נאז) און שמעקען (מיט'ן טעם פון צונג); למשל, אז דיא זאך איז ביטטער און דיא זיס (שמעקען) אן דאס איז קאלט (טאפּען), אז דאס קלינגט גראָב און דאס איידעל (הערען), אז דאס האָט א גר־טען ריח און דאס א שלעכטען (ריכען) און נאָך אזעלכע זאכען. און דאָס דריטטע, דאס וואס דער מענש האָט בקבלה פון דיא נביאים און פון דיא צדיקים". (אבער אויך נאר, ווען דער שכל גע־פינט ניט, אז דאָס קען ניט אמת זיין! ווען יא, מוז מען אננעה־מען, אז מען פערשטייט ניט וואס דיא נביאים און צדיקים האבען אין אמת'ן געמיינט. אלזא, דער עיקר איז דער שכל, און דיא אמונה מוז זיך צו איהם צו פּאסען).

און יעדער קלוגער מענש, זאָגט דער רמב"ם ווייטער, דארף זיך אין זיין געדאנקען איבערלייגען אלץ וואָס ער גלייבט, און בעטראכ־טען צו וועלכען פון דיא דריי סאָרטען געהערט יעדע זאך, וואס ער גלויבט אין איהר; און ווען ער געפינט, אז ער גלויבט אין א זאך, וואס איז ניט פון קיין איינע פון דיא דריי סאָרטען, זאל ער דאס אוועק־ווארפען, ווייל אויף דעם איז געזאָגט געוואָרען „א נארר גלויבט אלס".

ווייטער זאָגט ער, אז א סך זאכען, שטייען געשריעבען אין אלטע ספרים, וואס איז הבל הבלים, און עס איז א שאנדע פאר א פער־שטענדיגען מענשען ער זאָל גלויבען אין דעם. און צו ענדע זאָגט ער דיעזע קלוגע ווערטער. „איך וויים גאנץ גוט, אז אין דיא גמרא און אין דיא משניות קען מען אויך געפינען אין דיא רייד פון אייניגע תנאים אזעלכע ווערטער, וואס ווייזען, אז דיא שטערען זיינען גורם דעם מענשענס מזל (ער רעדט דאס דאָרט וועגען דעם, וויא נאר־ריש דיעזע איינרעדעניש איז)... אבער קוקט ניט אויף דעם! מיר

דארפען ניט פערוואַרפען אַ וואַהרהייט, וואס דער שכל וועיזט, צו־ליעב דעם, וואס איינער פון דיא תּנאים האָט אַנדערש געזאָגט. עס קען זיין, אַז ער האָט אין דעם אַ טעות גע־האַט, אָדער אַז זיינע ווערטער מיינען ניט דאָס, וואָס זייער פּראָס־טער פּשט איז, נאָר זיי זיינען אַ ווינק (רמז) אויף טיעפערע זאַכען. איהר זעהט דאָך, אַז אפילו אין דער תּורה אַליין זיינען דאָ אַ סך פּסוקים, וואס קענען ניט מיינען דאס וואס זייער פּראָסטער פּשט זאָגט, ווייל דער שכל וועיזט אונז, אַז עס איז אונמעגליך אַז דאס זאל אמת זיין, דעריבער מוז [!] מען דיא פּסוקים אַנדערש טייטשען.. מיט איין וואָרט, דער מענש דאַרף קיין מאָל ניט אוועקוואַרפען זיין פערשטאַנד פון הינטען, ווארים דיא אויגען זיינען פון פאָרנט, ניט פון הינטען".

אַזעלכע גאָלדענע רייד אין יענע צייט זיינען געוועזען אַ זעלטענע נייעס, א'ן אונערהערטע זאַך. זיי האבען אַרויסגענומען פון אַלטען אייזען דעם פערזשאַווערטען פערשטאַנד, וועלכער איז דענסמאָלט ביי אידען, דורך דעם פינסטערן אַבערגלויבען, געוועזען אַהין אַריינגעוואָרפען שוין זייט הונדערטער יאהרען. ניט אומזיסט איז דער רמב"ם בע־טראַכט געוואָרען אַלס איינער פון דיא גרעסטע — אויב ניט דער גרעסטער—אויפטוער אין דער אידישער געשיכטע! ניט אומזיסט הא־בען דיא פינסטערע פאַנאַטיקער געלייגט זיינע ביכער און זיינע אנ־הענגער אין חרם אַריין און זיי פער'מסר־ט צו דיא אינקוויזיציאָן!

* * *

אָבער לאָמיר זיך אומקעהרען צו זיין ביאָגראַפיע.

אַרום יענער צייט איז געקומען גרויסע צרות אויף דיא אידען פון יעמען (תימן). דיא פאַנאַטישע מאָהאַמעדאַנער האבען זיי גענייט צו דער שמד. פיעלע אידען פון יענע מדינה האָבען געמוזט לפנים אָננעהמען דעם מאַהאַמעדאַנער גלויבען. דער הויפּט־רב פון דיא יעמענער אידען, ר' יעקב אלפאיומי, וועלכער האָט שוין דע־מאָלט געהערט פון דעם גרויסען שם פון דעם רמב"ם, האָט צו איהם

געשריבען אַ בריעף און איהם מיטגעטהיילט אללע צרות וואָס דיא אידען ליידען אין זיין לאַנד. דער רמב"ם האָט איהם קודם אָבגעשריבען אַ לאַנגען בריעף — „אגרת תימן" — אין וועלכען ער האָט געגעבען דיא דאָרטיגע אידען מוטה און האָפנונג און זיי געוואָרענט, זייא זאָלען זיך ניט לאָזען פערפיהרען אָנצונעהמען דעם מאהאמעדאַנישען גלויבען. אָבער מיט דיא בלויזע טרייסט-ווערטער האָט ער זיך ניט בענוגענט, דער פילאָזאָף און בעלייכטער פון זיין פאָלק'ס גייסט איז דערצו נאָך געווען אַ מוטהיגער מאַן און קעמפפער. דעם רמב"ם'ס נאָמען איז דענסמאָלט שוין געווען זעהר בעוואוסט און בעריהמט אין דיא פאַלאַצען פון דיא גרעסטע מיניסטאָרען און פירשטען, און דורך זיין איינפלוס אין דיא הויכע פענסטער האט ער אויסגעלייזט דיא אידען אין יעמען און געפּועל'ט, אַז אַלע שרעקליכע גזרות און אונטערדריקונגען געגען זיי זאָלען אָבגעשאַפט ווערען. דאס האט זיין נאָמען און זיין איינפלוס אזוי גרויס געמאַכט צווישען אידען, אַז אין גאַנץ יעמען איז איינגעפיהרט געוואָרען אין קדיש צו דערמאָנען דעם רמב"ם'ס נאָמען („בחייכון וביומיכון ובחיי דרבנא משה בן מיימון"). און ביז'ן היינטיגען טאָג זאָגט מען אום שמחת תורה אין אלע געגענדען פון אָריענט געוויסע יוצרות פאר דעם רמב"ם'ס נשמה. אין פיעלע ערטער פלעגט מען אויך אום שבועות זאָגען אַ געוויסען יוצר, וואָס איז ספּעציעל פערפאַסט געוואָרען אָבצוגעבען דעם רמב"ם כמעט געטליכען כבוד. דער פּיוט לאָזט זיך אויס מיט דיא ווערטער: „קוראי דת בן עמרם עם דת בן מיימון" — „דיא אידען, וואס לערנען דיא תורה פון בן עמרם (משה רבנו) מיט דיא תורה פון בן מיימון". אין טירקיי פלעגט זאָגאר זיין אַ מנהג ביי אידען צו זינגען אַ ליעד לכבוד דעם רמב"ם בשעת מען האָט געפיהרט חתן-כלה פון דער חופּה.

ארום דעם יאָהר 1177 איז דער רמב"ם געוואָרען הויפּט רב פון אלע אידעשע קהלות פון מצרים. קיין געלד האָט ער פאר זיין שטעללע ניט גענומען; ער האט ווייטער געלעבט פון זיין דאָקטאָריי; אָבער אַרבייט האט ער געהאַט אין זיין רבנות זעהר פיעל. ער האָט איינגעפיהרט אין דיא קהלות מאַנכע נייע איינריכטונגען — ער האט,

צום ביישפיעל, אָבגעשאפט צו דאוונען שטיללע שמונה עשרה—אָבער ער האט אויך, מערקווירדיגערוויזע, אין א סך זאכען בעוויעזען א געוואלדיגע שטרענגקייט. צום ביישפיעל, דיא אידישע ווייבער אין מצרים פלעגען זיך פיהרען אין זייערע ווייבערשע זאכען לויט דיא מנהגים פון דיא קראים (קאראאימעס); דאס האט דער רמב"ם ניט געוואָלט ליידען און האט זיי שטרענג בעפוילען, אז זיי מוזען זיך נוהג זיין לויט דיא שווערע דינים פון דער גמרא; און ווען זיי האבען איהם ניט געוואָלט פאָלגען, האט ער זיי פערבאָטען צוזאמענצוקומען מיט זייערע מענער, און דיא וואס האבען איהם דאס אויך ניט געוואָלט פאָלגען, האט ער געלייגט אין חרם אריין. אין דער צייט, ווען דער רמב"ם איז געווען פערטאָן מיט אזוי פיעל פערשיעדענע זאכען: צו מאכען אָרדנונג אין דיא קהלות, צו ענטפערן אויף בריעף און שאלות, צו פסק'ענען דין־תורות, צו היילען אלערליי קראנקע, אידישע וויא מאהאמעדאנישע, צו שטודירען פילאָזאָפיע און אנדערע וויסענשאפטען—אין דיעזער צייט האָט ער פערטיג געמאכט א ריעזען־ארבייט, וואָס עס איז זעהר שווער איהר גלייכנים צו געפינען צווישען דיא גרעסטע און שווערסטע ארבייטען פון דיא גרעסטע זשעניען פון אלע אומות. ער האָט נעמליך אויפגעשריעבען דאס ריזיגע ווערק, וואס האט איהם פערשאפט אזא גרויסען נאָמען און אזוי הייליג געמאכט ביי דיא לומדים ביז'ן היינטיגען טאָג. דאס איז זיין ספר „משנה תורה", אָדער „יד החזקה", אָדער, וויא דיא לערנער'ס רופען דאס סתם, דיא 4 חלקים רמב"ם. דער ספר איז א ים הגדול, אין וועלכען עס זיינען צוזאמענגעגאָסען אלע פערשיעדענע טייכלעך פון דיא אידישע אמונה; א ריעזען־מאגאזין, אין וועלכען דער פערפאסער האָט אריינגעלייגט אלצדינג, וואס איז נאָר געווען געזאָגט און געשריבען אין דעם אונגעהויערען בארג מיט גמרות און ספרים ביז זיין צייט. א חוץ וואס ער האָט נאָך צוגעלייגט א מאסע זיינע אייגענע געדאנקען; און דאָס אלעס איז אויסגעשטעלט אין אזא וואונדערליכע אָרדנונג, אז יעדע ברעקעלע, יעדע געדאנק, יעדער דין האָט זיין פלאץ, וואוהין ער געהערט, און אלץ איז געשריעבען אין א קלאָרע ריינע שפּראך און אין א מערקווירדיג אנציהענדע פאָרמע.

ביז צו זייז צייט האָט מען נעמליך געדאַרפט אויסלערנען און אויסלייענען אַ'ן אונענדליכען ים מיט משניות, גמרות, ספרים און ספרים'לעך, איידער מען האָט געקענט וויסען, וויא מען דאַרף זיך פיהרען לויט דיא — ביז דענסמאָלט שוין זעהר ברייט אויסגעוואַקסענע — אידישע רעליגיאָן. און ווען מען האָט שוין אַלץ געהאַט גענעזען, איז ערשט געבליבען אין קאָפּ אַ שרעקליכער פּלאָנטער פון טויזענדער פערשיעדענע מיינונגען און פּלפּולים. נאָך דעם וויא איינער האָט זיך שוין געהאַט מיט אַלע ספרים אַנגעלעזען, האָט ערווירקליך געקענט זאָגען דאָס בעקאַנטע דייטשע וואָרט: „מיר ווערט פון דעם אַלעם אין קאָפּ זאָ דום, אַזוי וויא עס וואָלט זיך מיר אַ מילשטיין געדרייט אין קאָפּ אַרום“.

מחמת ניט אין דיא משניות, ניט אין דיא גמרות, ניט אין דיא אַנדערע בערג מיט ספרים איז דאָ אַ ברעקעל מעטהאָדע, איינ־טהייקונג און אָרדנונג. עס איז עפּעס אַ צוזאַמענגעוואָרפענער באַרג מיט ברעקלעך און שטיקלעך אָהן אַ טאָלק. דער זאָגט אַזוי, און יענער זאָגט אַזוי; דער טענה'ט מיט דעם, און יענער מיט יענעם; דאָ רעדט מען וועגען בוידעם, אין מיטען דרינען פאַלט מען גאָר אַריין מיט פּאָליצע, און נאָך אַלעם בלייבט דאָס רוב דער לעזער שטיין מיט דער פראַגע אויפ'ן צונג: הכלל, טאָ וויא זשע בלייבט?

צוליעב דיעזע שרעקליכע פערפּלאָנטערונגען איז אונמעגליך געװען פאַר דעם פּראָסטען מענשען, אפילו אַ בן תורה, ער זאָל אַליין דערגיין אַ טאָלק אין דער אידישער רעליגיאָן; דאָס האַט געבראַכט צוויי גרויסע צרות: ערשטענס, האבען דיא לערנערס געמוזט זייער גאַנצען לעבען פערברענגען נאָר אויף דיעזע מישמאַשעדיגע פּלאָנטערס; צווייטענס, האָט מען געמוזט האָבען אַ גאַנץ גרויסען קאָפּ, אַ גאון, ואס זאָל קענען פּסק'ענען אַ שאלה און ווייזען דעם וועג לויט דעם אידישען דין. דער געוויינליכערער מענש האָט געקענט זיצען און לערנען זיין גאַנצען לעבען און דאָך קיין מאָל ניט וויסען אַ דין ריכטיג. און אין דיעזען פּלאָנטער האַט דער רמב״ם מיט זיין ספר געבראַכט אַ'ן אויסגעצייכענטע אָרדנונג. מיט אַ ריינע קייכטע שפּראַך האָט ער אויפגעשריעבען אַ גאַנץ דייטליכען געזעץ־בוך מיט אָבטהיילונגען

אין טאָמען, ביכער, קאפיטלען, פרקים און פאראגראפען. יעדע זאך איז אוועקגעשטעלט צווישען אנדערע פון איהר סאָרט; זאָ דאָס ווען מען וויל וויסען א דין אָדער א רעליגיעזען געדאנק איבער אירגענד וועלכען ענין, דארף מען נאָר אריינקוקען אין אינהאלטס־פערצייכנים און מען קען עס לייכט אויסגעפינען. ווייטער דארף מען נאָר קלאָר ווערען אין דיעזען ספר, קען מען שוין זיין אליין א רב און מען דארף ניט אָנקומען צו דיא לאָסקע פון א גרויסען גאון.

גאנצע 10 יאָהר האט דער רמב"ם געארבייט ביי דעם ספר, וועלכען ער האָט געענדיגט אין 8טען טאָג אין כסליו אין יאָהר 1180.

אין דיעזען מערקווירדיגען ספר אבער האָט דער רמב"ם א־ריינגעשטעלט ניט נאר בלויז דיא טרוקענע פאָרשריפטען וועגען דעם, וואס מען מעג און וואס מען טאָר ניט, וועגען דעם וויא יעדע דין־תורה דארף גע־פסק־ענט ווערען, ער האָט דאָרט אויך ארי־נגע־שטעלט א גאנצע אבטיילונג מיט אויספיהרליכע און דייטליכע ער־קלערונגען וועגען דיא בעגריפע און געדאנקען איבער אלע פילאָזאָפישע און מאָראלישע פראגען, וויא דער גלויבינגער איד דארף זיך זיי פארשטעלען, לויט דיא צו־וואָרפענע און אונקלאָרע געדאנ־קען, וואס געפינען זיך פערפלאָנטערט איז דיא תורה, אין דיא גמרות און אין אלע אנדערע פרומע ספרים.

אין דער אבטיילונג פון זיין ווערק, וועלכע פערנעהמט א גרוי־סען טייל פון א גאנצען בוך — „ספר המדע" — איז דער רמב"ם א פילאָזאָף. דיא געדאנקען, וועלכע ער דריקט אויס אלס דיא גרונד אידעען פון דער „אידישער" רעליגיאן, זיינען קיין אנדערע זאך ניט וויא דיא פילאָזאָפיע פון דעם גריכישען גאון אריסטאָלעס. אויך א פילאָזאָפישע מאראל־לעהרע און א געזונדהייטס לעהרע איז אויס געדריקט אין דיעזער אבטיילונג. דאס אלץ שטעלט ער פאָר אלס בעגריפען אין דינים און מצות פון דיא אידישע אמונה, שטיצענדיג זיך אָפט אויף ערגעץ א וואָרט, וואס האָט זיך א מאָל ארויסגעכאפט ביי א תלמודיסט. וואו אבער ער געפינט צווישען דיא הייליגע שרייבערס אין „זאגערס" עפעס, וואס איז פונקט פערקעהרט וויא זיין גריכישע פילאָזאָפיע, זאגט ער, אז דאס האָט מען ניט אזוי געמיינט, אדער

אז דאס האָט זיך איינער נאָר ארויסגעכאפּט, ניט איבערליינטערהייט, אדער אז עס איז נאר איינעמס פּריוואט מיינונג און מען איז ניט מחויב איהם צו גלויבען. און אין א פאל ווען ער קען זיך שוין גאר ניט העלפען מיט פּלפּולים, זאגט ער פּשוט, אז מען פרעגט ניט נאך דעם וואס עס שטייט דארט, זאנדערן אז דער עיקר איז וואס דער שכל איז מחייב! דיא אידעשע אמונה, אין בעצוג אויף איהרע געדאנקען און פילאָזאָפישע בעגריפע, איז אלזא פיר דעם רמב"ם א ווייסעס שטיקעל פאפּיר, אויף וועלכע ער שרייבט זיין גריכישע פילאָזאָפיע.

* * *

אויף אזא אופ'ן איז דער רמב"ם אייגענטליך געווען ביי אידען א נייער „משה רבנו", א נייער רעליגיאָן־גרינדער. ער האָט זיי טאקי אין אמת'ן געגעבען א מין פילאָזאָפישע רעליגיאן, וועלכע איז געווים ריינע אפּיקורסת געגען דיא אלטע אידישע רעליגיאן.

דיא אלטע אידישע רעליגיאן, צום בייספיעל, האָט ארויסדריקליך געלערנט, אז גאָט איז א מין לעבעדיגע זאך, מיט הענד, מיט פיס, מיט אויגען, מיט כעס, מיט ווייבקייט, מיט א הונגער, מיט א געשמאק פאר קטרת, קורץ מיט אלע שוואכקייטען פון א בשר ודם. קומט דער רמב"ם און זאָגט, אז דאס אלץ איז נאָר א משל, אז אין אמת'ן איז גאָט אזעלכעס, וואס דער מענש קען זיך מיט זיין בעגריף גאר ניט פארשטעלען; אזעלכעס, וואס קען דיא אלע אייגענשאפטען גאר ניט האבען; א זאך וואס איז ניט אויף קיין בעשימטען פּלאץ; א זאך וואס איז נאָך אונזער מענשליכען בעגריף — גאָר ניט! מען קען זיך דיעזען גאָט גאָר פארשטעלען מיט דעם וואס איז ניט: ער איז ניט שלעכט, ניט קליין, ניט שטערבליך, ניט קערפּערליך א, ז. וו. און דער רמב"ם קומט נאך צו גיין און זאָגט, אזוואר עס שטעלט זיך פאר גאָט וויא עפּעס א קערפּער, איז א פּושע ישראל, ווייל ער דיענט דערמיט דיא עבודה זרה! ניט אומזיסט האָט דער הייליגער ראב"ם איהם וויעדערשפּראָכען אין דיעזען הויפּט־פּונקט פון דיא אידישע אמונה אין בעוויזען אז אין אמת'ן קען מען לויט דיא אידישע אמונה יאָ גלויבען אין א קערפּערליכען גאָט — און דער המון פון דיא אידען,

אפילו דיא למדנים, דיא אלטפרענקישע, האלטען טאקי ניט מיט׳ן רמב״ם׳ס אפיקורסישע מיינונג ביז׳ן היינטיגען טאָג.

ווייטער האָט דיא אלטע רעליגיאָן בפרוש געלערנט, אז דיא נשמה וועט זיין נאכ׳ן טויט אין גן־עדן און וועט זיך קוויקען מיט ווייז, פיש, שיינע פּאלאצען א. ז. וו. וויבאלד זיא וועט זיין פון א צדיק; אדער געברענט און געבראָטען ווערען אין פייער און סמאָלע אין גיהנם, ווען זיא וועט זיין פון א רשע. קומט נאָר צו גיין דער רמב״ם און זאָגט, אז מיט „גן עדן" און „עולם הבא" מיינט מען גאָר־ניט דיא אלע זאכען, גאָר ניט קיין לעבען פון תענוג, נאר עפּעס א פילאָזאָפישען בעגריף, אז דער גייסט פון דעם גוטען מענש וועט זיין פערשמאָלצען מיט דער געטליכקייט א. ז. וו. און דעם גיהנם מיינט מען נאר דאס, וואס דער גייסט פון דעם שלעכטען וועט דיעזע פּי־לאָזאָפישע גדולה ניט האָבען; אבער מען וועט גאָר ניט שמייסען, ניט ברעננען, ניט בראָטען א. ז. וו.

איז דאס ניט ריכטיגע אפיקורסת?

היינט לערנט דאך דא אלטע אידישע רעליגיאָן בפרוש, אז עס איז דאָ כשוף, שדים, רוחות, מזיקים, מזל, קמעות, אבשפּרעכונגען, עין הרע׳ס, רוח הקדש, און א גאנצער בארג מיט גראָבע אבערגלויביג־קייטען, וואס פערדרייען דיא קעפּ פון אלע גלויביגע פון אלע אומות און אלע אמונות. פון אזעלכע זאכען שטייט דאָך בפרוש געשריעבען הונדערטער מאל אין דער תורה און טויזנדער מאל אין דיא גמרא. קומט צו גיין דער רמב״ם און זאָגט אין ספר, וואס דארף זיין דיא גרונדלעהרע פון דיא אידישע רעליגיאָן, אז דיא אלע זאכען זיינען הבל הבלים, שקר וכזב, נארישע איינבילדונגען, ניט געשטויגען ניט געפלויגען, און עס איז גאר א שאנדע, אז א איד זאָל אין דעם אלעם גלויבען!

נאך מעהר: אין דיא גמרות געפינען זיך בפרוש דינים, וואס מאן זאל טאָן אלס א סגולה געגען שדים, רוחות, מזיקים, כשוף, און וואס מען טאָר ניט טאָן, ווייל עס קען שאטען דורך דיא אלע זאכען. דאס שטייט אין דיא גמרות אלס בפרוש׳ע געבאָטען און פערבאָטען אזוי גוט וויא דער געבאָט צו מאכען קידוש, וויא דער פערבאָט ניט צו עסען פּאר׳ן דאווגען, און ד. גל. — קומט דער רמב״ם און מאכט זיך

פון דיעזע אלע זאכען גאָר ניט וויסענדיג און שטעלט זיי גאר ניט אריין צווישען דיא זאכען וואס מען מעג, וואס מען טאר ניט און וואס מען מוז!

נאר דער עיקר איז דאס: לויט דיא גמרא־רעליגיאן איז בפרוש פערבאָטען עוסק צו זיין אין דיא „גוי'אישע" חכמות; עס שטייט בפרוש, אז עס איז גלייכער צו זיין א שוטה דאס גאנצע לעבען, איידער א „רשע" איין שעה; קומט דער רמב"ם און שטעלט עס אוועק אלס א גרונד־פרינציפּ פון דיא אידישע אמונה אז עס איז דוקא גאר דיא גרעסטע מצוה, מען זאל עוסק זיין אין וויסענשאפט און אין פי־לאָזאָפיע! (אמת, נאר אין אזעלכע, וואס לייקענט ניט אב גאָט און דיא תורה, — דאס הייסט אויף אזוי פיעל, וויפיעל ער אליין האלט פון גאט און דיא תורה). מען זעהט אלזאָ פון דעם, אז כאָטש דער רמב"ם האָט אין זיין תורה, וויא ווייט עס האנדעלט זיך וועגען דיא פּראַקטישע מצות מיט עברות, אריינגענומען אללע שווערע לאס־טען, אלע פערבאָטען און אלע צערעמאָניעס פון דעם גאנצען בארג מיט ספרים פון דיא אלטע פאנאטישע לייט, און אין פיעל זאכען איז ער נאָך גאָר געווען אפילו א סך שטרענגער, מעהר „מחמיר", וויא דיא שטרענגסטע פרומע, האָט ער אבער אין דיא געדאנקען אריינגע־געבען א גאנץ נייע אמונה, א פילאָזאָפישע, נאך יענער צייט פריי־זיניגע אמונה. און הגם ניט אלע אידען האָבען זיין נייע לעהרע אנ־גענומען; הגם דיא מאסע פון דיא גלויביגע אידען, דיא לומדים אזוי גוט וויא דער המון, האבען ביז'ן היינטיגען טאָג ניט אנערזענט זיינע גריביש־פילאָזאָפישע רעליגיעזע בעגריפע, נאָר טאקי דיא אלטע בע־גריפע פון דעם עכטען אידישען גלויבען, אדער אבערגלויבען — האָט דער רמב"ם פאָרט בעשאפען א גאנץ נייע צייט ביי אידען, א צייט ווען מאסען גוטע קעפּ און עדלע הערצער האָבען זיך גענומען צו פי־לאָזאָפיע און צו וויסענשאפט און האָבען אונגעהייער פיעל ביי גע־טראגען אין דעם גרויסען שאַץ פון דיא אלגעמיינע קענטניסען און וויסענשאפטען פון דער וועלט. דערמיט האָט זיך דער רמב"ם פער־דיענט א'ן עהרען־פּלאַץ אויבען אַן צווישען אלע גרויסע מענער און הויכע מוחות וואס האבען געהאָלפען אין דעם פאָרטשריט פון דיא גאנצע מענשהייט.

אויסערדעם האָט דער רמב״ם אויך געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין דיא וויסענשאַפטען און פאָרטשריטע פ׳ן דיא גרויסע וועלט מיט זיין אראַבישעם ווערק „דיא אורזאַכען פון קראַנקהייטען״. דאס איז איינע פון דיא וויכטיגסטע אַרבייטען אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון היגיענע און מעדיצין.

ער לערנט אין דיעזען בוך, אַז דער ערשטע קוואַל פון כמעט אַלע צרות פון דער מענשהייט איז דיא אונוויסענהייט. ווען מענשען וואָלטען געוואוסט, וואס דיא נאַטירליכע אורזאַכען פון אַלע קראַנקהייטען זיינען, וואָלטען זייא ניט געדאַרפט קיין רפואות, זיי וואָלטען זיך געקענט פערהיטען כמעט קיין מאָל ניט קראַנק צו זיין. ער גיט אויספיהרליכע פאָרשריפטען וועגען היגיענע און דיעט. „אין אַ צייט״, זאָגט עמאַנועל וואורם אין זיין בוך „געזונדהייטס שוץ״, ווען אייראָפּאַ איז געלעגען פערזונקען אין טיעפסטען אַבערגלויבען, האָבען דעם רמב״ם׳ס ווערק געאָטהעמט דעם גייסט פון אמת׳ע וויסענשאַפטליכע בעאָבאַכטונג.״

היינט, נאַטירליך, זיינען מיר געקומען אַ גרויסען שריט ווייטער. היינט ווייסען מיר, אַז דעם גרעסטען טייל פון דיא מיטלען אָבצוהיטען דאס געזונד קען זיך ניט פערזאָרגען דער איינצעלנער מענש, אפילו ווען ער זאָל זיין ווער וויים וויא געלערנט, נאָר דאס מוז געשעהען דורך דיא גאַנצע אָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט. היינט ווייסען מיר, אַז דיא געזעלשאַפטליכע אונגערעכטיגקייטען זיינען שולדיג אויך אין דעם גרעסטען טייל פון דיא אומשטענדען, וואָס גראָבען אונטער דיא געזונדהייט פון פאָלק און מאַכען אונמעגליך פיר 90 פּראָצענט פון דער מענשהייט אָבצוהיטען היגיענישע אויפפיהרונגען. אָבער פיר יענע פינסטערע צייט איז עס געוועזען אַ געוואַלדיגער שריט פאָרווערטס, ווען דער רמב״ם האט דער ערשטער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דיא נייע גרויסע וואַהרהייט, אַז דער ריכטיגער וועג געזונד צו זיין איז—ניט קראַנק צו ווערען; אַז ניט אין רפואות ליגט דיא האָפנונג אויף געזונדהייט, נאָר אין אָבהיטען זיך מען זאָל ניט קומען צו דאַרפען רפואות.

אויף דעם וועג, וואָס ער האָט געעפענט אין דער געזונדהייטס־לעהרע, איז דיא וויסענשאפט דערנאָך ווייטער געשריטטען. מיט דעם איז ער פיר דיא גאנצע וועלט געוועזן אזוי גרויס, וויא מיט זיינע אידישע ספרים פיר זיין אידישע וועלט. אין דער ענטוויקלונג פון מעדיצינישע וויסענשאפטען האבען זיינע אידישע תּלמידים אויך געשפּיעלט אַ בעזונדערס וויכטיגע ראָלע, אין זיין צייט, וויא אויך אין שפּעטערע יאהרהונדערטע.

אין פילאָזאָפיע האט דער רמב״ם נאָך ארויסגעבראכט מאנכע אָריגינעלע פּונקטען, זיינע אייגענע, וואס זיינען פון דיא דענקער פון אומות העולם שטארק בעריקזיכטיגט געוואָרען.

קורץ, דער רמב״ם איז ניט נאָר דעם אידען׳ס גרויסער מאַן, ער איז איינער פון דיא גרעסטע מעננער אין דער וועלט.

* * *

נאָר זיינע צרות האט ער שוין דערפאר געכאפּט דער עיקר פון אחינו בני ישראל. דיא פינסטערע קאָזאַקען פון דיא ע כ ט ע רעליגיאָן האבען געשריען — און אין דעם פּונקט זיינען זיי זעהר גערעכט געוועזן געגען דעם רמב״ם—, אז עס איז ניט אמת, דאס דיא אידישע אמונה מיינט אזאַ אפּיקורסות, וויא דער רמב״ם האט אין איהר אריינגע־לערנט. „דיא פערפלוכטע פילאָזאפיע האט איהם פערפיהרט“, האט איינער פון דיא גרויסע רבנים אויף איהם געזאָגט; און דער גיפטיגער פאנאטישער קאמפף, וואָס דיא עכט־רעליגיעזע אינטאָלע־ראנץ האָט געגען איהם געפיהרט, בעווייזט דייטליך, אז דאס וואס ער איז ניט געלייגט געוואָרען אין חרם אריין ביים לעבען, האָט ער נאָר געהאט צו פערדאנקען דיא געוואלדיגע מאכט און גרויסען נאָמען, וואס ער האָט געהאט אין דיא פּאלאצען פון דיא פירשטען און דיא גרויסע לייט, וויא דער לעזער וועט עס זעהען ווייטער.

עס איז מערקווירדיג, וויא דיא פאנאטישע אמונה־שומרים קענען קיין מאָל ניט ליידען מען זאָל פּאָפּולאריזירען זייער אייגענע רעליגיאָן, דאס הייסט מען זאָל מאכען אז יעדער פּראָסטער בשר ודם זאָל קענען וויסען, וואָס עס טהוט זיך אין איהר. זיי פיהלען הפּנים, אז דאס מאכט אַ סוף פון זייער יחוס און זייער הערשאפט. אזוי איז עס

ביי דיא קאטאָליקען און מאָהאמעדאנער, וועלכע עס איז פערבאָטען צו שרייבען אָדער צו לעזען דיא תורה אין דער פאָלקס־שפראך. פאר דעם אליין, וואס דער רמב"ם האָט אין זיין גרויסען ווערק „משנה תורה" פאָפולאריזירט דיא אידישע גמרא־רעליגיאָן, האט ער שוין געקראָגען שונאים צווישען דיא פאנאטיקער. ר' פ נ ח ס ב ן מ ש ו ל ם, דער דיין פון אלעקסאנדריען, איז געווען דער ער־שטער, וואס האט דעם רמב"ם בעשולדיגט, דאס מיט זיין „משנה תורה" האט ער געוואָלט מאכען, אז קיינער זאָל מעהר ניט לערנען גמרא און ניט נאָכפאָרשען ווענען דיא רעליגיעזע דינים אין זייערע ערשטע אָריגינעלע קוועלען, (מאנכע געשיכטס־פאָרשער פון היינטיגער צייט זאָגען אויך, אז דער רמב"ם האט געוואָלט, אז מען זאָל ניט מעהר פערברייננגען דיא יאָהרען מיט גמרא לערנען און מיט פלפולים איבער איהר. דער רמב"ם אליין האָט דאס אָבגעלייקענט.)

אנדערע רבנים וויעדער האָבען גע'טענה'ט, אז נאָר דיא ישיבה פון בבל האט דאס רעכט צו פסק'ענען דינים, אָבער פון מצרים טאָר אזא זאך ניט ארויסגעהן. דער גרעסטער געגנער זיינער איז גע־ווען דער ראש ישיבה פון באגדאד ר' ש מ ו א ל ב ן ע ל י, מיט זיינע נאָכשלעפּערס, וועלכע האָבען אויף דעם רמב"ם, באלד נאכדעם, וויא זיין גרויסער ספר איז פערטיג געוואָרען, שוין אָנגעהויבען אויס־צורעדען אסור לדבר. דיא אינטריגעס געגען איהם זיינען אזוי ווייט געגאנגען, אז פרומע אידען פון אלעקסאנדריען, אונטערשטיצט פון דעם דערמאָנטען ר' פנחס בן משולם הדיין, האבען דעם רמב"ם פער'מסר'ט פאר דיא מאָהאמעדאנער רעגיערונג, אז ער איז א געגנער פון רעליגיאָן און וויל איבערדרייען דיא אמונה נאך זיין קאָפּ נאך.

דיעזער ר' פנחס האָט זיך צום רמב"ם צוגעטשעפּעט דער עיקר מיט דעם אויסרייד, פאר וואָס אין דעם רמב"ם'ס ספר שטעהט, אז א „בעל קרי" מעג געהן אין שוהל אריין דאווען און מוז ניט פריהער געהן אין מקוה אריין. ר' פנחס האָט בעוויעזען, אז לויט דיא גמרא טאָר מען דאָס ניט. שפּעטער האָט דיעזער ר' פנחס געשריעבען א בריעף צום רמב"ם און האָט איהם געמאכט פאָרווירפע ווענען דריי זאכען: א) אז ער האָט ניט דערמאָנט אין זיין ספר דיא נעמען פו

דיא תּנאים און אמוראים פֿון דער גמרא, און דורך דעם וועלען נאָך חלילה דיעזע הייליגע נעמען פערגעסען ווערען; ב) אַז ער מעלדעט ניט אין זיין ספר, פון וועלכע קוועלע ער נעהמט דיא זאכען וואָס ער שרייבט דאָרטען, און ג) אַז דורך זיין ספר וועט מען דיא גמרא ניט מעהר וועלען אָנקוקען. דער רמב"ם האָט איהם אויף דעם ערשטען בריעף ניט געענטפערט. דערנאָך האָט איהם ר' פּנחס געשריעבען נאָך אַ בריעף, איז אָבער פּונקט דער רמב"ם זעהר קראנק געוואָרען און האָט איהם ווייטער ניט געענטפערט. אָבער באלד וויא ער איז געזונד געוואָרען, האָט ער דעם פּאַנאַטישען ר' פּנחס אָבגעשריעבען אַ בריעף, אין וועלכען עס ווייזט זיך ארויס זיין מערקווירדיג־עדעלער כאַראַקטער און זיין ענוות. ער בייזערט זיך ניט און „רייסט ניט דיא זייטען" זיין דם־שונא; אדרבה, מיט דיא גרעסטע קאַלטבלוטיגקייט בעלעהרט ער איהם און פערענטפערט זיך, און גיט נאָך זאָגאַר צו, אַז מיט דעם צווייטען פּונקט האָט ר' פּנחס רעכט. נאָך מעהר האָט מען איהם גענומען פּערפּאָלגען, ווען מען האָט גענומען בעמערקען, וואָס'ערע פרייע געדאנקען, וואָס'ערע גאַנץ נייע בעגריפע וועגען גאָט און רעליגיאָן עס געפינען זיך אין זיין ספר.

* * *

ארום דעם יאָהר 1180 האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ צווייטע פרוי (זיין ערשטע איז געשטאָרבען), מיט אַ טאָכטער פון אַ געוועזען אַבולמאַלי, וועלכער איז געוועזען אַ סעקרעטער ביי איינע פון דעם סולטאַן סאַלאַדין'ס ווייבער, דיא מוטער פון דעם טהראָן־פאָלגער. אבולמאַלי האָט גענומען דעם רמב"ם'ס שוועסטער פאַר אַ ווייב. מיט זיין צווייטע פרוי האָט דער רמב"ם אין יאָהר 1185 געהאַט זיין געליעבטען זוהן אברהם. דורך דיעזע פאַמיליען־פערבינדונג האָט דער רמב"ם אָנגעהויבען אריינצוקומען צווישען דיא גרויסע לייט פון דיא מאָהאַמעדאַנער און איז געוואָרען אַ לייב־דאָקטאָר ביי דעם סול־טאַן סאַלאַדין'ס „שני למלך" אלפאַצעל. ער האָט געקראָגען דערפאַר אַ גרויסען געהאַלט פון דער רעגיערונג. פון דענסמאָלט אָן איז ער זעהר בעריהמט געוואָרען אַלס אַ גרויסער דאָקטאָר. ענדליך איז ער געוואָרען לייב־דאָקטאָר ביים סולטאַן סאַלאַדין אַליין. אין דיעזער

צייט האָט ער געשריעבען פיעל אראַבישע ווערקע איבער מעדיצין און האָט געקראָגען אַ גרויסען שם אַלס אַ'ן אויטאָריטעט אין דיעזער וויסענשאַפט. דער בעריהמטער אראַבישער דאָקטאָר און פילאָזאָף אַ כ ד א ל ט י ף פון באַגדאַד, וועלכער האט געהאַט אַ גרויסען שם ביי'ם סולטאַן אליין, האָט אַ מאָל געזאָגט צום סולטאַן, אז ער וואָלט זעהר געוואָלט קומען קיין קאַירא צו זעהען זיך מיט דריי גרויסע חכמים. איינער פון זיי איז געווען דער רמב"ם. דיא גרעסטע אראַבישע דיכטער האָבען געשריעבען שירים לכבוד דעם רמב"ם, און איינער פון דיא גרעסטע אַראַבישע שרייבער האט זיך בעריהמט, אז ער איז דעם רמב"ם'ס תּלמיד אין מעדיצין.

דעם רמב"ם'ס בעריהמטהייט האָט דערגרייכט אַזש ביז צום ענגלישען קעניג ריטשארד לעווענהארץ, וועלכער האָט איהם איינגעלאַדען צו ווערען זיין לייב־דאָקטאָר. אָבער דער רמב"ם האָט ניט געוואָלט, ווייל דיא אידען האבען דעמאָלט געהאַט אויסצושטעהן גרויסע צרות אין ענגלאַנד.

דורך דעם „שני למלך" אַלפאַצעל איז דער רמב"ם געמאַכט געוואָרען פאַר אַ פירשט („נגיד") פון אַלע אידישע קהלות אין מצרים. דיעזער אַמט איז איבערגעגאַנגען צו זיין זוהן און זיין אייניקעל. פאַר דיעזען אַמט האָט דער רמב"ם קיין געלד ניט געוואָלט נעהמען. מיט זיין איינפלוס האָט ער אידען געטהון זעהר גרויסע טובות. ווען סאַלאַדין האָט צוריק אַוועקגענומען ירושלים ביי דיא קריסטען (דאַס איז געווען דיא צייט פון קרייץ־ציגע), האָט דער רמב"ם געפּועל'ט אז אידען זאָלען זיך דאָרט מעגען בעזעצען. מאַסען אידען האָבען זיך דאָן בענוצט מיט דיעזער ערלויבנים. אָבער וואס גרעסער דער רמב"ם איז געוואָרען, אַלץ גרעסער זיינען געוואָרען דיא אינטריגעס פון דיא שטאָק־פרומע רבנים געגען איהם. דאָס וואס זיי האָבען איהם קיין שום ביי‍ז ניט געקענט טאָן, האט זיי מסתמא נאָך מעהר אויפגעבראַכט אויף איהם. דער דערמאָנטער ר' שמואל בן עלי האָט ניט אויפגעהערט צו פערשווארצען דעם רמב"ם'ס נאָמען ביי די פרומע אידען און צו ווייזען, אז ער איז אַ'ן אפּיקורס, אז ער פּסק'ענט דינים פאַלש, אז ער ווייס גאָר ניט וואָס ער רעדט, אז ער לייקענט אין תּחיית

המתים, און נאָך אזעלכעס. דער רמב״ם האָט זיך אָבער געפיהרט זעהר פרום, (אנדערע ווילען האָבען, אז דאָס איז ניט געווען נאָך זיין איננערליכע איבערצייגונג, נאָר צו ווייזען, אז זיינע שונאים טראכ־טען אויף איהם אוים בלבולים, אז אין אמת׳ן איז ער ווייט פון צו זיין א׳ן אפיקורס. דאס גלויבט זיך אָבער ניט!) און ביי פיעל אי־דען און רבנים איז ער געווען פערהייליגט און פערגעטערט.

אין יאהר 1190 האָט ער פערטיג געמאכט זיין צווייטע גרויסע בעריהמטע ווערק, דאָס ווערק וואָס האָט אונענדליך פיעל מעהר אויפ־געטאָן פיר אויפסלערונג און פרייע געדאנקען און מעהר אויפגעוועקט דעם האָס פון דיא רעליגיאנס־פאנאטיקער, וויא זיין ערשטע, — דאס איז זיין בעריהמטער „מורה נבוכים״, דאס הייסט: „דער וועג־ווייזער פון דיא פערבלאָנזעטע״, געשריעבען אויך אין דער פאָלקס־שפּראך, אין אראביש. אין דיעזען ספר ערקלערט דער רמב״ם גרינדליך דיא גאנצע פילאָזאָפיע פון אריסטאָטעל. ער בעווייזט מיט טיעפע פילאָזאָפישע ארגומענטען, וויא ריכטיג זיא איז. צוגלייך ארבייט ער דארט אויף אַלע כלים ארויסצוברענגען, אז דיא אידישע אמונה מיינט אויך דאָס זעלבינע. ער דריקט דאָרט אוים זיין איבערצייגונג, אז עס איז גאנץ זיכער, דאס גאָט האָט מסתמא איבערגעגעבען צו משה רבנו אויפ׳ן בארג סני דיא טיעפסטע פילאָזאָפישע לעהרעס און געדאנקען, וועלכע מוזען זיין דיעזעלבע וויא אריסטאטעל׳ס פילאָזאָפיע, ווארים מען זעהן דאָך בחוש, אז דיעזע פילאָזאָפיע איז דיא וואהרהייט, היינט וויא־זשע איז דאס מעגליך, אז גאָט אליין זאָל האָבען געלערנט משה רבנו אנדערש וויא דיא וואהרהייט? אָבער, פרעגט ער, וויא קומט דאס וואס היינט געפינען מיר ניט אין אַלע הייליגע ספרים קיין שום דייט־ליכע פילאָזאָפישע געדאנקען און ערקלערונגען? און ער ענטפערט: דאס איז מסתמא דעריבער, ווייל דיא טיעפע פילאָזאָפישע געדאנקען און לערנונ־גען, וואס גאָט האָט איבערגעגעבען צו משה׳ן מינדליך („בעל פה״), זיינען אין לאנגען גלות און דורך דיא גרויסע צרות וואס אידען זיינען אויסגעשטא־נען, פערגעסען געווארען. דאָך, זאָגט ער, געפינען זיך אין דער תורה און אין דער גמרא ווערטער און אויסדריקע, וואס א קלוגער מענש קען (ווען ער וויל!) פון זיי ארויסזעהען דיא געהיימניסע פון אמת׳ע פילאָזאָפיע.

און ער טייטשט דיעזע אלע ווערטער אזוי קונציג אויס, אז עס קומט פון זיי ארויס דאס וואס ער וויל. צוזאמענקלייבענדיג, זאָגט ער, דיעזע אלע ווערטער און מאמרים און לערענדיג אין זיי זייער געהיימען פשט (וויא ער וויל), וועט מען צוריק האָבען דעם אוצר פון אמת'ע פילאָזאָפיע, וואס איז ביי אידען געוויס פערלוירען געוואָרען און וואס איז דער וואהרער פונדאמענט פון דיא אידישע אמונה. (מורה נבוכים חלק א', פרק ע"א, און חלק ב' פרק י"א.) דער צוועק פון דעם „מורה נבוכים" איז צוריק אויפצובויען דיא „פערלוירענע" אידישע פילאָזאָפיע, וועלכע גאָט האָט „מסתמא" [!] איבערגעגעבען משה'ן בעל־פה „לויט דעם איננערליכען טיעפען זין פון איינצעלנע צו־וואָרפענע מאמרים און פסוקים פון תנ"ך און גמרא". אין אמת'ן איז עס לויט אריסטאָ־טעל'ס לעהרע, וועלכע דער רמב"ם קוועטשט אין דיזע פסוקים אריין. ווען ער וואָלט דיזע פילאָזאָפיע ניט געלערנט, וואָלט ער זיא דאָך פון דיא פסוקים אזוי ווייניג ארויסגעזעהן וויא יעדער אנדערער.

עס איז אמת, אז אויף א טייל ערטער אין דער גמרא געפינט זיך א'ן אָנדייטונג, אז עס זיינען דאָ „סודות" אין דער רעליגיאָן, וואס ניט יעדען מעג מען זיי אויסזאָגען. ווער וויים אבער וואָסערע סודות זיי מיינען? א'ן אפיקורס א „לץ" קען זאָגען, אז זיי מיינען דעם סוד, אז דיא גאנצע מעשה איז ניט געשטויגען ניט געפלויגען. מסתמא מיי־נען זיי געוויסע מעטהאפיזישע חלומות, וואס עטליכע חקרנים האָבען גענאשט ביי דיא פערזישע מאגיקער בשעת אידען זיינען געווען אין בבל. נאָר דער רמב"ם גלויבט, אז מיט דיזע „סודות" מיינט מען אריסטאָטעל'ס פילאָזאָפיע *).

דיא פילאָזאָפישע סיסטעמע, וואס ער ענטוויקעלט און וואס ער איז מגייר אלס דעם פונדאמענט פון דיא אידישע אמונה. האלט

*) דיזע פילאָזאָפיע וועט ערקלערט ווערן אין אַ בעזונדערע ביאָ־גראַפיע פון דעם גרעסטען גריכישען דענקער, פילייכט דער גרעסטער וואָס איז ווען געבאָרען געוואָרן. אין אַרעסטאָטעל'ס ביאָגראַפיע וועט אויך אָנגעוויזען ווערן דיא אונגעהייערע בעדייטונג פון זיינע לעהרען אויף דיא אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן. דאָ איז גענוג צו בעמערקען, אַז דער רמב"ם איז געווען איינער פון אַריסטאָטעל'ס בעסטע און פעהיגסטע נאַכפאָלגער.

ניט אויס דעם שיין פון דיא היינטיגע פּאָזיטיווע וויסענשאַפטען, אָבער איהר גאַנג איז אַ גלענצענד לאָגישער. מען קען ריכטיג זאָגען, אז זיא איז דיא ריכטיגע לאָגישע קאָנזעקווענץ פון דיא דאַמאָלסדיגע וויסענשאַפּטען אין פערבינדונג מיט דיא לעהרען פון גלויבען. אין אונענדליכע ליכט שיינט אַרויס פון יעדע שורה פון דעם „מורה נבוכים“. ער רייסט אויף דעם פערשטיינערטען מוח פון דעם גלויביגען און ברייננגט אהין אריין אַ מעכטיגען שטראָם פון הויכע געדאַנקען. אין דריטטען טהייל פון דיעזען בוך גיט דער רמב״ם אַ טעם צו דיא מצוות מיט דיא עברות פון דיא אידישע אמונה, צו וואס „גאָט“ האָט געהייסען דאס טאָן און יענעס ניט. זיינע טעמים זיינען פּראָסט מענשליכע, ניט קיין איבערנאַטירליכע. נאָך דעם רמב״ם׳ס מיינונג, שטעקען אין דיא מצות ניט קיין אונבעגרייפליכע הימלישע סודות, גאָט דאַרף אויך ניט דער מענש זאָל איהם טאָן טובות מיט אָבהיטען זיינע מצות. אַלע מצות זיינען נאָר געגעבען געוואָרען מיט דעם איינעם צוועק, צו מאַכען דעם איד פיין און איידעל און אויפצוהאַלטען שלום און אָרדנונג אין דעם צוזאַמען־לעבען פון פאָלק. און ער דריידעלט אויס אויף אַ קונציגע אַרט, וויא אַזוי יעדע מצוה העלפט מיט צו דעם צוועק. וואס דיא וויסענשאַפטליכע פאָרשונג פון דיא היינטיגע צייט בעווייזט אונז; וויא אַזוי דיא רעליגיעזע מנהגים און צערעמאָניעס זיינען ענטשטאַנען און האָבען זיך ענטוויקעלט פון זיך אַליין, ניט ווייל זיי האָבען אַ צוועק, נור ווייל זיי האָבען א׳ן א ו ר ז א־כ ע, ווייל ד״א סאָציאַלע אומשטענדען און פּסיכאָלאָגישע ווירקונגען האָבען זיי אַרויסגעבראַכט, גאר אָהן א געביטער! קיין פערשטענדיגער מענש קען נאַטירליך ניט זיין אַזוי דום, צו מאַכען דעם רמב״ם א פאָרוואורף, פאר וואס ער האָט ניט געוואוסט דערנסמאַלט וואס דיא וויסענשאַפט איז היינט דערגאַנגען.

*   *   *

דיא דיינקענדע פון אַנדערע מדינות וואס האָבען קיין אַראַביש ניט פערשטאַנען, האָבען דעם רמב״ם זעהר געבעטען, ער זאָל דעם „מורה נבוכים“ איבערזעצען אויף לשון קודש. ער האָט זעהר חשק געהאַט דערצו, אָבער ער האָט ערקלערט, אז ער קען עס ניט, ווייל ער איז צו פיעל פערנומען. ווען ר׳ שמואל אבן תבון, דער גרעסטער רב פון פראָ־

וואנס, זיד־פראנקרייך, האָט איהם געשריעבען, אז ער וויל דאָס ספר אי־בערזעצען אויף לשון קודש, האָט איהם דער רמב"ם געהייסען דאס טאָן און איהם אָנגעצייגט וויא אַזוי ער זאָל זיך ביי דיא איבערזעצונג פיהרען. איך וואוין אין פאָסטאַט,—שרייבט דער רמב"ם צו אבן תבון— און דער מלך (דער סולטאן אלאפדאל) וואוינט אין קאירא, און צוויי־שען דיעזע ביידע שטעט איז צוויי תחום שבת'ן (א'ן ערך פון אַנדערט־האלבען ענגלישע מייל) און מיין ארבייט ביים מלך איז זעהר גרויס און שווער. יעדען פריהמאָרגען מוז איך איהם זעהען. ווען ער איז עפּעס ניט געזונד, אָדער ווער פון זיינע קינדער אָדער פון זיינע ווייבער ווערט ניט געזונד, קען איך שוין ניט אַוועקגיין פון פּאלאץ. אפילו ווען איינע פון זיינע בעדיענטע ווערט קראנק, קען איך שוין א גאנ־צען טאָג ניט אַוועק פון קאירא. איך האָב פולע הענד מיט ארבייט זיי צו היילען. אפילו אין דעם טאָג, ווען עס טרעפט זיך ניט קיין שום־קראנקהייט אין קעניגליכען הויף, און זיינע גרויסע לייט און זיין גאנצע פאמיליע זיינען געזונד, קען איך אויך ניט צוריקגיין קיין פאָסטאַט ביז נאָך האלבען טאָג. און ווען איך קום אהיים טויט מיד און איך קום שיער אום פון הונגער, געפין איך מיינע קאָרידאָרען פול געפּאַקט מיט מענשען! טירקען, קריסטען, אידען, צווישען זיי גרויסע לייט און פּראָסטע מענשען, ריכטער און בעאמטע, פריינד און שונאים, — א שרעקליכער ערב רב, וואס ווייסען ווען איך קום צוריק און וואָס פער־לאנגען א רפואה צו זייערע קראנקהייטען. און איך גיי אראָב פון פערד, וואש זיך דיא הענט און גיי ארויס צו זיי איבערצובעטען זיי און צו ערזו־כען, זיי זאָלען מוחל זיין ווארטען ביז איך וועל עפּעס איבערבייסען. דאָס איז דאָס איינע מאָל וואס איך עס אין מעת־לעת. דערנאָך גיי איך ארויס צו זיי, הייל זיי און פערשרייב זיי רעצעפּטען, און ווען איך פערטיג זיי אָב, הייבען זיך אָן נייע פּאציענטען צו שיטען ארויס און אריין. איך קען פון זיי ניט פּטר ווערן ביז ביי נאכט, טייל מאָל ביז צוויי שעה אין דיא נאכט אריין. דעמאלט בין איך שרעקליך מיד. איך קען שוין ניט שטייך, ניט זיצען, נאָר איך לייג זיך אַוועק אויפ'ן רוקען און אזוי רייד איך מיט דיא פּאציענטען און גיב זיי א ראטה וואָס זיי זאָלען טאָן אזוי לאנג ביז, איך ווער שוין אזוי מיד, אז איך קען שוין אפילו ניט רעדען. הכלל,

קיין איך קען ניט זוכה זיין מיט מיר צו רעדען א וו.. ט אָדער מיט מיר צו זיין צוזאמען און זיך אונטערהאַלטען, סיידען אום שבת ווען גאַנץ קהל, אָדער דאָס רוב פון זיי קומען צו מיר נאָכ׳ן דאַווענען און איך לייג זיי פאַר דיא אָרדנונג, וויא זיי זאָלען זיך פיהרען א גאַנצע וואָך. אויך האַלט איך פאַר זיי א קליינעם פאָרטראַג ביז נאָך מיטאַג; דער־נאָך גייען זיי אהיים און א טייל פון זיי קומען נאָך א מאָל נאָך מנחה און איך לערן פאַר זיי ביז מעריב. אזוי פיהר איך זיך טאָג ביי טאָג און דאָס האָב איך אייך נאָך אפילו קיין קליינעם טייל ניט דערציילט״, א. ז. וו. [אגרות הרמב״ם].

דעריבער הייסט ער ר׳ שמואל אבן תבון דעם „מורה נבכים״ אַליין איבערזעצען אויף לשון קודש און איהם ניט מעהר בעלעסטיגען דאַמיט.

אבן תבון האָט דעם „מורה נבוכים״ איבערזעצט, און גלייך האָט עס אָנגעמאַכט א שרעקליכען רעש און אַרויסגערופען געוואַלדיגע מחלוקות אין גאַנצען אידישען פאָלק.

ביים רמב״ם׳ס לעבען האָבען זיינע פינסטערע שונאים נאָך ניט געוואַגט אַרויסצוגיין געגען איהם מיט זייער גאַנצע גיפט. אבער נאָך זיין טויט האָבען זיי זיך דאָס אביסעל גענומען צו איהם!

דיא פרומאַקעס האָבען דעם רמב״ם ערקלערט פיר א׳ן אפּי־קורס און איהם און זיינע ספרים און דיא וואָס קוקען אין זיי אַ־ריין געלייגט אין חרם. דיא אויפגעקלערטע וויעדער האָבען געלייגט דיא פרומאַקעס אין חרם פאַר מבזה זיין אזא תּלמיד חכם. דיא פרומאַקעס האָבען דיא רמב״םיסטען זאָגאַר שפּעטער פער׳מסר׳ט צו דער אינקוויזיציאָן, אז זיי לייקענען אין רעליגיאָן!

דאָס וואָס דער רמב״ם איז סוף־כל־סוף פאָרט געבליבען א הייליגער צדיק ביי דיא פרומע, איז פון דיא וואונדער פון דער וועלט געשיכטע! דער קאַמפּף איז פּשוט אין פערלויף פון דער יאהרהונ־דערטע פערגעסען געוואָרען. פיעלע גרויסע אידישע צרות האָבען איהם פערפלייצט. דער לעצטער פּסק, אויב דער רמב״ם און זיינע ספרים זיינען קדושה אָדער טומאה, האָט זיך עפּעס וויא פון זיך אַליין אין דער געשיכטע אָבגעגעבען — זיי זיינען געבליבען קדושה!

און דאָך קוקען נאָך היינט אויף דיא אַלטפרענקישע פרו־מאַקעס מיט זעהר קרומע אויגען אויף יעדען, וואָס קוקט אַריין אין „מורה נבוכים״. מען האַלט איהם פיר „אַ געכאַפּטען״. דער רמב״ם אין טאַקי שוין היינט ביי יעדען אַ הייליגער, דאָך אין זיינע ספרים אַריינצוקוקען, האַלטען דיא פרומע פאַר געפעהרליך. וויא אַזוי דאָס קלעפּט זיך מיט׳ן רמב״ם׳ס (היינט שוין אַלגעמיין אָנגענומענע) הייליגקייט, קען זיך דער פאַנאַטיקער אַליין קיין חשבון ניט אָבגעבען.

דאָס רוב זאָגען דיא פאַנאַטיקער אויף דעם אַזאַ תירוץ: דיא קשיות וועגען דער אמונה, וואָס דער מורה נבוכים שטעלט, פערשטייט יעדער, אַבער דיא טיעפע תירוצים אויף דיא קשיות קען אַ קליינער מענשעלע ניט פערשטיין, דעריבער ווערט מען א׳ן אפיקורס ווען מען לייענט דאָס, און דעריבער דאַרף מען נאָר ערלויבען דאָס צו לייענען דעם זעהר גרויסען גדול.

דער אמת איז, אַז דער כלל פון דיא היינטיגע לומדים און פרומאַקעס — מיט נאָר זעהר ווייניג אויסנאַהמע, הייבען ניט אָן צו ווּיסען, וואָס עס שטייט אין מורה נבוכים און האָבען קיין אהנונג ניט פון דעם רמב״ם׳ס פילאָזאָפישע געדאַנקען, וועלכע זיי וואָלטען גע־ווים געהאַלטען פאַר שרעקליכע אפּיקורסת.

ביי׳ן רמב״ם׳ס לעבען, וויא שוין געזאָגט, האָבען זיינע פרומע שונאים קיין חוצפה און קיין מוטה ניט געהאַט פון זייערע קריטיקען און פערלוימדונגען געגען איהם איבערצוגיין אויף פערפאָלגונגען. זיין נאָמען איז ביי זיין לעבען געוועזען צו געאַכטעט און צו הייליג ביי אַלע אידען צוליעב דעם גוטס וואָס ער האָט זיי געטהון.

און ווען זיין גרויסער גייסט האָט דען 13טען דעצעמבער יאהר 1204 (מאָנטאַג 20 טאָג אין שבט ד׳ אלפים תתקס״ד) פערלאָזען זיין קערפּער, אין אַלטער פון 70 יאהר האָט דיא טרויעריגע נאַכריכט אַ שלאָג געטהון, וויא אַ דונגער, אין אידישען פאָלק. אין אַלע אידישע קהלות פון דיא גאַנצע וועלט איז געוועזען אַ גרויסער טרויער. אין פאָסטאַט האָט מען דריי טעג נאָך אַנאַנד איהם בעקלאָגט. אויף דיא גרעסטע לייט פון דיא מאָהאַמעדאַנער האָבען אַנטהייל גענומען אין דיא טרויער־צערעמאָניעס. און ווען דיא טרויעריגע נאַכריכט איז גע־

קומען קיין ירושלים, האָבען זיך דיא אידען געריסען קריעה און דיא רבנים האבען צוזאַמענגערופען גאַנץ קהל אין שוהל אריין און מען האָט דאָרט אָבגעריכט א גרויסע טרויער־צערעמאָניע און געלייענט אין דיא תורה דיא תוכחה.

נאָך דיא טרויער־צייט האָט מען דעם רמב״ם׳ס קערפּער אװעקגעפיהרט קיין ארץ ישראל און איהם מקבר געװען אין טבריא. (טהייל זאָגען אין חברון, לעבען דיא אבות און דיא מערת המכפלה.) אויף זיין מצבה האָט מען אויפגעשריעבען, צװישען אַנדערעס, פאָל־גענדע װערטער:

„אַ מענש און דאָך ניט קיין מענש,
און װען אַ מענש, איז דיין מוטטער
פון היממלישע ענגלען טראָגען געװאָרען“.

זיינע געגנער, דיא פּרומאַקעס, האָבען אָבער שפּעטער אָבגע־מעקט דיעזע אויפשריפט און געלאָזט אויסקריצען: „דאָ ליעגט בע־גראָבען דער אפּיקורס, װאָס האָט פערדיענט אַ חרם“.

ביידע אויפשריפטען פאַסען זיך אייגענטליך פאַר דיעזען גרוי־סען מאַן, װעלכער האָט געװאָלט פערבינדען צװיי אונמעגליכע זאַכען: װיסענשאַפט און רעליגיאָן. פאַר דיא דענקענדע מענשען, פאַר דיא אויפגעקלערטע, איז ער געבליעבען אַ „הימעל־מענש“ אזוי װיא זיין געניאַלער לעהרער אַריסטאָטעל; פאַר דיא פערשימעלטע תּלמודיסטען, פאַר דיא פינסטערע פרומאַקעס, פאַר בוכשטאַב־פרעסער פון דער תּורה איז ער ביז היינט צו טאָג פערבליעבען אַ געפעהרליכער אפּיקורס.



פרייז,

מ. באראנאוו, דער מענש און דיא נאטור.........10 "

ל. טאלסטאי, פאַטריאָטיזמוס און רעגירונג, 05 "

" " דער איינציגער מיטעל............05 "

ביידע בראָשורען איבערזעצט פון מ. ק א ט ץ.

מאקסים גארקי, ערציילונגען, איבערזעצט פון ח. אלעקסאנדראָוו..........................15 "

ח. אלעקסאנדראוו, טאָלסטאָי, זיין ביאָגראפיע 10 "

ב. פייגענבוים, רמב"ם, זיין ביאָגראפיע..............10 "

מ. וויערניק, רב סעדיה גאון, זיין ביאָגראפיע...10 "

מ. פרומקין, ר' ישראל בעל שם טוב, זיין ביאָגראפיע..............................10 "

---

צו בעקומען ביי:

**International Library Pub. Co.,**

**23 Duane Street, New York, N. Y.**



# מאררים ראזענפעלד'ס געזאמעלטע געדיכטע,

## שוין ערשיענען פון דרוק.

אן אוצר מיט פּאָעזיע אין א פּראַכט אויסגאַבע פון איבער פיער הונדערט זייטען, יעדע פּיידזש פערציערט מיט ראמען און פּרעכטיג שעהן געבונדען.

## דעם דיכטער'ס לעצטע בילד געדרוקט.

דער בוך וועט ענטהאלטען פיער אבטהיילונגען: ארבייטער און פרייהייטס ליעדער, נאציאָנאַלע און פּאָלקס ליעדער, לירישע געדיכטע, סאטירען און עפּיגראמען, און פערשיעדענע געדיכטע.

——————פּרייז $1.00——————

---

## פּאָלגענדע ווערק ווערען פערפערטיגט צום דרוק:

### אמעריקא פאר קאָלומבוס:

א קולטורגעשיכטליכע נאכפּאָרשונג וועגען דער נייער וועלט ביז דיא רייזע פון קאָלומבוס פון פיליפּ קראַנץ.

### יעקב גאָרדין'ס דראַמען:

מירעלע אפרת, דיא שחיטה, דער ווילדער מענש, דער אידישער קעניג ליער, א. ז. וו.

### לעבענס־בעשרייבונגען פון גרויסע מענער:

הלל הבבלי, בר כוכבא, צדוק הכהן, יאָזעפוס פלאוויוס (יוסף בן מתתיהו), יצחק אברבנאל, יהודה הלוי, שבתי צבי, אבן עזרא, ברוך שפּינאָזא, מאהאָמעד, לעסינג, משה מענדעלסאָן, דער ווילנער גאון, נאפּאָליאָן דער 1טער, ראָטהשילד, א.ז.וו.

### בעלעטריסטישעס:

ערצעהלונגען, סקיצען, הומאָרעסקען, א. ז. וו.

---

אילוסטרירטע קאטאלאָגען ווערן פריי געשיקט פון דיא פּאָבלישער.